לייב ניידוס

# אינטימע
# נגונים

לידער

1918

אלע רעכט
אויף דעם בוך
געהערן דעם
„לייב נײַדוס־פאָנד“.

דאָס דאָזיגע ביכעלע „אינטימע נגונים״ האָט דער יונג־פאַרשטאָרבענער דיכטער לייב ניידוס געהאַט אַליין צוגעגרייט צום דרוקן; אבער דער גרויזאַמער פריהצייטיגער טויט האָט דעם דיכטער פון זיין אַרבעט אָפּגעריסען...

נאָר איין טראָפּן פון אַ גרויסן ברויזענדן ים פון זוניגן שטרעבן, געפילן און פארלאנגען איז דאס דאזיגע ביכעלע. מיט טיפן טרויער און דרך־ארץ נעמט אויף זיך דער „לייב ניידוס־פאנד״ צו פארענדיגן דאס דרוקען פון די „אינטימע נגונים״, וואס ביי דער דאזיגער ארבעט האט דעם דיכטער דער טויט געטראפן, און מיר ערפילן אויף אזא אופן דעם דיכטערס וואונש—צום באדויערן, זיין לעצטן וואונש...

דער לייב ניידוס־פאנד.

Là est mon âme, là est ma vie.

*Charles van Gerbeghe.*

Voraus bestimmt zur Sternen bahn,
Was geht dich, Stern, das Dunkel an?
Role selig hin durch diese Zeit
Jhr Elend sei dir fremd und weit!

*Friedrich Nietzsche.*

אפֿט ווילט זיך לאזען די שורות ניט געוואויגען און ניט געמאסטען,
ניט ארײנקוועטשען דאס הארץ אין יאמב און אין האריי,
ס'ווילט זיך ריידען מיט א לשון א אײנפֿאכען און א פראסטען,
און ניט שלײפען און ניט טאקען מיין גליק און וועה...

ס'ווערט עפעס ענג דער משקל, ווײנע ד' אמות,
פריי, ניט געצוימט, זאלען די פערזען געהן,
קלארע און הארציגע, ווי א בליק דער מאמעס,
אומגעצוואונגען-ווילדע, ווי דאס לעבען אליין.

ס'ווארפט-אראפ די מוזע די עלעגאנטע שיבלאך, וואס דריקען,
און, דערשפירענדיג דעם נייעם אומערווארטעטען געפיל,
לויפט זי בארוועס, פריי, מיט א ווילדען ענטציקען,
און זינגט זיך אינטימע נגונים, ווי זי אליין וויל.

## 1.

אונטערן שטערען פון אומרוה לעב איך שטענדיג,
אונטערן, צייכען פון אַ ווײַטען געהײמען זאָדיאַק;
דער גאָט פון זוכענישען האָט אײגענהענדיג
געחתמ'עט בײַ מײַן וויג מײַן לעבענס-פסק.

מײַן איטליך טראָפּען בלוט האַלט אין טרײַבען און אײַלען;
אָט האָב איך, דוכט זיך, שוין מײַן ציל בּעהערשט,
נור אָט ווינקען צו מיר מירמעלנע זײַלען
פון אַ נײַעם טעמפּעל, וואָס אַנטפּלעקט זיך נאָך ערשט.

כ'לעב אין שטענדיגען ספק, אין שטענדיגען געוואַקעל,
און אין אָפטע נצחונות פון מײַן געטערשער לוסט;
נור קײנמאָל, קײנמאָל מאַך איך ניט קײן סך הכל
פון מײַנע דערגרײכונגען און פון מײַן פערלוסט...

מיט אַ הײליגער ערוואַרטונג איז שטענדיג פול מײַן נשמה,
מיר דוכט תמיד: כ'וועל דערזעהן, וואָס כ'האָב ניט געקאָנט זעהן;
און מײַן גאַנץ לעבען קומט מיר אויס אַזוי ווי אַ הקדמה
צו אַ גרויסער פּאָעמע וואָס דאַרף קומען נאָך ווען...

2.

דער פרילינג! דער פרילינג! איך הער זײַן שטים שוין,
ער גײט שוין, ער קומט—דער גאָלד-געלאָקטער ברוב!
כ'בין פול מיט זון, כ'בין אַ יונגער שמשון,
װעלטען קענען אויפבליהען פון מײַן מינדסטען פרוב.

כ'װיל גאָר ניט װיסען! כ'װיל ניט טראַכטען!
נעהמט-צו מײַנע מחשבות! איך דאַרף ניט די רוה!
איך װאַנדער אַרום אין גן-עדן התחתון,
און מיט אינטליבען פויגעל בין איך הײַנט אויף „דו"...

מײַנע בעגעהרען? דאָס זײַנען די װילדע שטראָמען,
װאָס יאָגען מיט אימפּעט פון לעצטען שנײַ;
מײַנע חברים? דאָס זײַנען אין װאַלד די גנאָמען,
װאָס בעגלײַטען מיך אומעטום, װאוהין איך געה.....

מײַן יוגענט שיסט-אויף אין די דערװאַכטע בלוטען
װי קרעפטיגער רײַפער װײַן דורכ'ן שפּונט...
אַדיע, מײַן רוהיגקײַט מיט דײַנע שטילע מינוטען,
מײַנע פערטרוימטע רגע'ס—זײַט געזונט! זײַט געזונט!...

## 3.

כ׳האָב ליב די אָרמע זאַמד־פעלדער פון ליטע און זאַמוט,
די אַלטע, פרומע, מאָכיגע שטיינער ביים וועג,
די לאָנקעס מיט זייער באַשיידענעם גרינעם סאַמעט,
ווערבעס, ווי נזירות, ביי דער סאַזשעווקעס ברעג.

ביים שייד־וועג הילצערנע צלמים, וואָס זעהען הייליגע חלומות,
קליינע שקצים־פאַסטוכער, פרעמד און ווייט פון כרך,
איינציגע בעריאָזקעס ווי פערבלאָנדזשעטע יתומות,
אַלטע קלוגע וועגן, וואָס ווייסען אַ סך.

פערוואָרפענע קוזניעס, קרעטשמעס פערלאָזטע,
הויכע טאָפּאָלען דערביי, ווי ריזען מיט גרויסע בערד,
אַלטע וואַנדערער־בעטלער, אַזעלכע ליבע, פּראָסטע,
וואָס טראָגען אין די פּאָלעס די דופטען פון דער ערד...

## 4.

עֶס ברענען, בלענדענדיג, די גאָלדענע ואַטדען,
ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך אין אַגאָלד־ים געשיפּט.
אַזוי ווי אַנ׳אַלטער, יוסטער און ברײט־בערדיגער למדן,
שטײט בײם וועג אַ דעמב, אין מחשבות פאַרטיפט.

שטײט פאַרזונקען עפּעס אין אַ וויכטיגען ענין,
קוקט זיך ניט אום צומאָל אויף דער זײט;
און פויגלאַך שטיפערשע אַ גאַנצער מנין
ליאַרעמט אין זײן גרינס פרײלאַך און פאַרשײט...

וואָס קען ער קלערען, וואָס טראַכט ער—ווער ווייס אים?
און די פויגעל פליהען העזה׳דיג אויף זײן קאָפּ
ווי צילאָזענע יונגע וואָרגלאָזע קינדסים,
וואָס רײסען זײער רבי׳ן פון זײנע געדאַנקען אָפּ...

5.

ניט רעדט מיר מעהר וועגען ליבע,
זי איז שוין געשטארבען לאנג.
ניט רעדט מיר מעהר וועגען ליבע,
עס טוט דעם הארצען אזוי באנג.

איך גלויב ניט מעהר אין די קושען,
מיין הארץ איז שווער—ווי אגעקוילעט עוף.
איך גלויב ניט מעהר אין די קושען,
אין זיי דרעמעלט שוין זייער סוף.

ניט רעדט מיר מעהר וועגען ליבע,
זי ליגט, ווי א גנב פאר'ן געריכט.
ניט רעדט מיר מעהר וועגען ליבע,
לאזט מיר צינדען איר נשמה-ליכט...

## 6.

אין די גערטנער פון מײַן טרויער איז שטענדיג בין־השמשות,
דאָרטען ליגט אַ פאַרזיכטיגע שטילקײַט צושפּרײט;
חדוה און זון האָבען דאָרטען ניט קײַן ממשות,
דאָרטען וואַכט אַ הויכער אײַפערזיכטיגער פּלײט,

דאָרטען בליהען נור שטילע הײליגע אימּמאָרטעלען,
דאָרטען וואַקסען נור וועַרבעס טרויריגע בלויז,
און פײַנליך קלינגען רירענדע טרעלען
פון נאַכטיגאַל, וואָס בלוטיגט אויפ׳ן דאָרן פון רויז.

ווי אַ מאַסקע פון אַ טויטען קוקט אַ לבנה אַ קראַנקע,
עס גליווערט אַזוי קאַלט אויפ׳ן טוי איר שײַן,
און ערגעץ טיף אין שאָטענס פון אַ טרויריגער אַלטאַנקע
ליבט־זיך דאָס קעניגליך פּאָר—די פאַרצווייפלונג מיט דעם פּײַן.

אין די גערטנער פון מײַן טרויער שווימען אַרום שוואַרצע שוואַנען,
שווימען שווייַגענדיג שוואַנען אויפ׳ן שטילען באַסײַן;
און דער שאָטען פון מײַן גליק קומט צוגעהן פון וויאַנען
מיט דערשטיקטען, האָפנונגסלאָזען, אײַנגעהאַלטענעם געווײַן.

## 7.

אויב איר ווילט, קענט איר די שטאָט אין מײַן נאָמען גריסען,
איך בלײַב מיר אָבער דאָ, בײַם סאָסנאָווען וואַלד,
דאָ טרינק איך דעם דופט—ממש יין קפּריסין,
דאָ טראָג איך די זון אין מײַן יעטווידען פאַלד.....

טוט אַ קוק—ס׳עפּענט די ערד דאָ אַלע אוצרות אירע,
דאָ קען איך שעפּען פון איר אײַביגען קוואַל,
דאָ קען איך מיך באַהעפטען מיט דעם בורא׳ס יצירה,
און פיהלען דאָס גליק פון יחיד און זוניגען כלל...

ווי האָב איך גאָר פריהער ניט געקענט פאַרשטײן עס,
אַז דאָס אײנציג גליק, מײַן לעבענס גאַנצער תוך
איז צו זײַן ווי אַ קלײן קיהעלע משה רבנו׳ס,
וואָס קריכט אַזוי פאַרזאָרגט אין גרינקייט פון מאָך!.....

## 8.

כ׳האָב מיך אַרויסגעשלייכט בייַנאַכט דורכ׳ן לבנה׳דיגען גאָרטען
צו די ציגייַנערשע געצעלטען אין גרינעם טאָל,
וואו די יונגע דזשיימאַ האט מיר געלייגט קאָרטען
און געטעדט פון עבר מיט איר גאָרגעלדיגען קול.

אלע האָפנונגען, ערוואַרטונגען, וואָס כ׳האָב לאַנג געווען מקבר,
האָבען פלוצלונג פון זייערע געהיימע קברים ערוואַכט;
און פערליבט האָב איך געקוקט אויף די טאָכטער פון טאַבאָר,
אויף איר טונקעל־הויטיגע ברוסט, אויף איר אָריענטאַלישע טראַכט.

באַלד צעוואַרפט זי ווידער די דאמען, די וואַלעטען,
און זאָגט איר נביאות אַזוי ליב־פאַרשייט,
אַז איך ליב זיך אַציגנד אין אַ יונגע שלאַנקע ברונעטין,
און ס׳וואַרט אויף מיר אַ גליק, וואָס איז שוין ניט ווייט.....

זי האָט געטראָפען, די דזשיימאַ: אין אַ ווינקעל. אַ פאַרשטעלטען
האָב איך זי נאָכדעם געצערטעלט ביז וואַהנזין, ביז פיין;
ביז אויף די צעוואָרפענע ווייסע לייַווענטענע געצעלטען
איז פרעמד און קאַלט געפאַלען דער ערשטער שיין.

## 9.

כ׳האָב ליב, דזשיִמאַ, דיַין תּאוה־בליק, דעם פער׳חלש׳ט־מידען,
די חוואַליעס פון דיַינע לאָקען—שוואַרץ ווי קייל,
דיַינע פאַרביגע טראַנטעס—טיַיערע שטאָפען פון צדון,
דיַין פינסטערעס אויג—אַ מדבר׳שער הייל.

ווי שיַין די ביזט, ווען דו ליגסט אַזוי ווילד־עלעגיש,
און אַ לאַנגער שאָטען פאַלט פון דיַין ברעם;
מיר דוכט זיך: דו ביזט איינגע, שלאַנקע פלגש,
געבראַכט אַהערצו פון ערגעץ אַ וויַיטען האַרעם.

ביזט צאַרט ווי אַ פּאַווע־פעבער, און שלעכט ווי אַ פוריע...
מאָדנע פינקלען דיַינע אוירינגלעך, די אַלטע פרוטות ארום ברוסט,
ווי מען וואָלט זיי ערשט אַרויסגראָבען פון אונטער חורבות אין סוריא,
וואו גאַנצע דורות אין שטויב האָבען זיי שלאָפען געמוזט...

ליג רוהיג אויפ׳ן טעפיך, מיַין ווילדע, צאַרטע,
עפען דיַין גראַנאַטען־מויל, די אויגען פאַרמאַך...
הויך איבער אונז שטייט ערגעץ אַ סטאַרטע,
און איר שטריַינגער בליק—ווי אַ סריס אויף דער וואַך...

## 10.

בריַיט פליַיצט אין אונזער וועלט דער מבול
פון קויטיגער געמיַינקייַט סיַי־נאַכט און סיַי־טאָג;
ער פליַיצט און רוישט און איז קאַפּאַבעל
פאַרטרינקען דאָס ריַינסטע, וואָס איך פאַרמאָג.

נור בחנם זיַין מיה, ער וועט ניט זיַין בכּח
מיַין וועלט צו פאַרשלעפּען אין פרעכען שטרוים;
איך שווים, אַ באַשיצטער, ווי פאַרציַיטען נח
אין דעם זיבערען געצעלט פון מיַין העלען טרוים.

כ׳שיק צוּמאָל אַרוים אַ שליח בגנבה
עהן, צו ס׳האָט זיך שוין וואו אויף זון געשטעלט;
און רוהיג שווימט דערוויַילע מיַין תּבה
דורך די ברודיגע חוואַליעס, וואָס פליַיצען אויף דער וועלט.....

## 11.

הערען דעם טרוקענעם רעדער־רויש, וואס קלינגט אזוי נישטיג,
באגעגנען דעם טאג, וואס האט נאך קיינמאל קיין טעות ניט געהאט,
ווידער אנצוטאן זיך צילאז, און, זעצענדיג זיך צום פרישטיק,
אדורכקוקען געשווינד די נור־וואס אנגעקומענע בלאט...

אוועקווארפענדיג אין עקעל די שרייענדיגע אנאנסען,
ארויסאיילען אין גאס, וואו—שפעט צי פריה—
שמייכעלט תמיד אראפ א זאטע צופרידענקייט פון די וואנסען,
און פון פרויען־בליק—די ביליגע און באנאלע קאקעטעריי.....

פארנאכט, ביי זיך אין צימער, הינטערן וואנט—פאלשע גאמען;—
דאס לערענט זיך שפילען פיאנע די טאכטער פון בעל־הבית.
ערגעץ פארגייט זיך א זויגלינג אויף דער ברוסט פון זיין מאמען;
א הייזעריגער שכור שילט עמיצען אהן א מאס.....

עס ציהען זיך די שעה׳ען, אזוי פויל און פאמעלעך
ווי די בלינדע ווערים, וואס קריכען אונטער דער ערד נאכאנאנד;
און איך פיהל מיך, ווי א יונגער פארבלאנדזשעטער בן־מלך,
וואס איז פארטריבען פון זיין בלומיגען, וויטען לאנד.....



## 12.

זײַן אַליין, אַליין, אינגאַנצען אַ פרײַער,
פאַרגעסען אַלץ, נאָך וואָס איך בּיינק און איך גאַר.
אַבי—אַ וואַרימער קאַמין, אַ פלעשל טאָקײַער,
אַ טרײַער הונט און אַ גוטע ציגאַר.

זײַן אַליין, אַליין, מעג הינטער די פענסטער בּרויזען,
מעג דאָרט ליאַרעמען און שרײַען דער מאָדערנער סדום,—
אין מײַן אײַנזאַמקײַט וועלען אויפבּליהען די שענסטע רויזען,
און, ווי אַ שוואַן, קומט צושווימען דער שענסטער טרוים.

זײַן אַליין, אַליין, מיט קיינעם זיך טרעפען,
אַראָפוואַרפען פון זיך די אַלטעגליבּע לאַסט.
און ווען דער פוסטער טומעל אין טיר אָנקלאַפען: עפען!
וועל איך לאָזען אין פירהויז דעם אומגעבּעטענעם גאַסט...

## 13.

אִיצט, נאָך דער באָבעס טויט, קום איך אָפּט אין איר קאַמער,
פון ווייטע דורות קומט מיר אַנטקעגען אַ גרוס;
שטיל בלעטער איך די ספרים מיט'ן אַלטען אַמסטערדאַמער
אָפּגעוועלקטען, ליבען, אויסטערלישען דפוס...

איך מיש־דורך די פאַרגעלבטע בלעטער פון די גראָבע סדורים,
די באָבע פלעגט מיט כונה דאַווענען אין זיי.
דאָ פלעגט ווערען איינגעשטילט איהר האַרציגער שטורים,
און טרערען פלעגען פאַלען אין תפילה־ווערה...

אלץ בענקט נאָך דער באָבען איצט,—ווי קלאָר איך דערקען עס!—
די ערד—נאָך אירע פאַנטאָפעל; נאָך איר שאָטען—די וואַנט,
און די אַלטע, פאַרלאָזענע צאינה וראינה'ס—
נאָך איר ליבער, ביינערדיגער, זקנה'שער האַנט...

## 14.

דו גרויסער, גרויסער! עפען דיינע טויערען,
הער־צו אונזער תּפילה און דיין חסד נויג,
שיק אַראָפּ דיין וואָרט צו אונזערע לעכצענדיגע אויערען,
שיק אַראָפּ דיין שיין צו אונזער הונגעריג אויג.

דו ווייטער, ווייטער! טו צו אונז באַווייזען,
דו, וואָס דו האָסט אונז באַשאַפען אין דיין אייגענעם דמות,
לאָז ניט, דערלאָז ניט די נאַכט זאָל אונז פאַרטיליגען,
שטאַרק אונזער אָרעם, אונזער וואַקעלדיגע פוס.

וואָס ווייסען מיר און וואָס קענען מיר, מיר—וועלכע וואַנדערען
און לאָזען זיך פאַרפירען פון איטליכען וועג;
מיר קוקען פאַרגאַפט איינער אויף דעם אַנדערען,
און ווי צושראָקענע שאָף אַנטלויפען אונזערע טעג....

וואָס ווייסען מיר און וואָס קענען מיר, מיר—שוואַכע, קורצזיכטיגע,
ווי דערפרוירענע קינדער וואַרטען מיר אויף דיין שיין.....
עפען זשע, עפען דיינע טויערען די ליכטיגע,
און לינדער ווי אַ טאַטע אונזער שווערען פיין!—

## 15.

ווי בלוי הײַנט די גליה־ווערים אין די קוסטעס ברענען,
א ווינטעל טוט נור ערגעץ אַ זיפץ צומאָל;
הײַנטיגער אָוועגט איז אַזוי עהנליך אויפ'ן וואַלצער פון שאָפּענען
אויפ'ן שטילען ווײַבליכען וואַלצער Cis-mol.....

אַזוי רירענד־באַנג שטײט די בליהענדיגע אַקאַציע,
ווי דער מלאך פון טרויער וואָלט זי געבענטשט בסוד;
און אײדעל־שען איז די טרויריגע גראַציע
פון די קניגליכע קרעם־רויזען, וואָס טרוימען אין סאָד.....

אומעטום קען מען אַ שפור פון בײַנקשאַפט דערקענען,
די לבנה קוקט מיט מיטלײד, דערמאָנט אָן אַמאָל,
און אַלץ אַרום איז עהנליך אויפן וואַלצער פון שאָפּענען,
אויפן ליבען און ציטריגען וואַלצער Cis-mol,,...

## 16.

זי איז אַלט געווען דאַמאלס אינגאַנצען אַ יאָר זעכצעהן.
ס'איז געווען דאַן סיון. אין אַנ'אַלטען פּאַרק.
אירע ליפּען האָבען נאָך ערשט אָנגעהויבען צו ליבען און לעכצען,
און מיין ליבע איז געוועזען אַזוי שען און שטארק.

כ'האָב איר פאָרגעלייענט אין כתב־יד מיינע נייע שירים,
איר געווידמעטע סאָנעטען, פול מיט דופט און גאָלד;
זי האָט שטיל געהערט און האָט מיט איר קליינעם שירעם,
דאָס קעפּעל געבויגען, עפּעס אויפ'ן זאַמד געמאָלט.

זי האָט מורא געהאַט אויפצוהויבען איר בליק איר פאַרליבטען,
און כ'האָב געמערקט נור צומאָל, ווי איר פּראָפיל ברענט;
און פאַרזיכטיג האָב איך געהאַלטען מיינע מאַניסקריפּטען,
ווי איך וואָלט עס געהאַלטען מיין צאַפּעלדיג האַרץ אין די הענט.....

כ'האָב געענדיגט לייענען, און שווייגען און טיפען
זיינען מיר לאַנג געזעסען דערנאָך שטילערהייד.
און אויפ'ן זאַמד די נאַכלעסיגע, ליבע הירעאָגליפען
האָבען אויסגעזעהן ווי אַ פּאָעמע פון אירע טרוימען און פרייד...

## 17.

פאַר אַ שטורים. די בוימער פירען אַנ׳אומרוהיגען שמועס,
די וועלט איז געבליבען שטיין אַזוי ווי אין ערוואַרטונג פאַרגאַפּט;
אָט האָבען זיך צושאָטען עטליכע דראָבנע תּרועות,—
דאָס פּרובט ערגעץ הינטער בערג איונג דונערל זיין קראַפט...

דורך דעם הימעל דעם בלייערן-נעבעלדיגען, טריבען,
טוען בליצען אין דער נאַכט אַ צוק פון צייט-צו-צייט,
ווי אַנ׳אומזעהבאַרער מכשף וואָלט ריזיגע שוועבאַלאַך געריבען,
וואָס לעשען זיך פון ווינט אין דער טונקעלער ווייט.....

שפּעט. שפּעט. ס׳מוז, מסתמא, זיין צוויי אַזייגער.
שאַ, אָט קנאַלט אַ דונער אין דער אַנטשוויגענער נאַכט,
און ס׳דוכט, דער אימה׳דיגער גרויסער קטיגור
האָט זיך פלוצלונג מיט אַ משונה׳דיגען געלעכטער צולאַכט.....

## 18.

איך בין נעכטען געווען מיט דיר אין קינאָ,
וואו אין דונקעל עפענט־זיך אַ וואונדערליך לאַנד,
וואו דאָס לעבען קוקט מיט אַ פּײַנליכער קנאָה
אויף די ווײַטע כשוף־וועלט, וואָס אָטהעמט אויפ׳ן געוואַנד.

ס׳האָבען געוויגט זיך פּאַלמען, בעגאָסען פון לבנה,
און עמיצענס ליבע איז געוועזען אַזוי גרויס ווי מײַן טרוים.....
בײַ דער דעקאָלטע פון מײַן שכנה, אַ יונגע באָננע,
האָט פון ענטציקונג געציטערט דער שפּיצען־זוים.

אַזוי טרויריג האָט געשפּילט דער סטרוניגער אָרקעסטער,
געשפּילט די רירענדע „עלעגיע" פון מאַססנע,
און אונזערע הענט האָבען זיך געקײַטעלט אַלץ שטײַפער און פעסטער
און שטיל געברענט האָט מײַן האַרץ—דער הײליגער סנה.....

און אַז כ׳האָב דיך אָבגעפירט פון קינאָ צוריק אויף אַ שליטעל
און אַז אויסגעלאָשען לאַנג שוין האָט זיך די לעגענדע פון עקראַן,—
האָט בײַ מיר אין צימער צובליהט אַ נײַער קאַפּיטעל
פון אונזער אײגענעם, לעבעדיגען, גרויסען ראָמאַן.....

## 19.

אויפ'ן אײַנגעשלאָפענעם וואַסער שפּילען זיך קיין פּיש מעהר,
ערגעץ הירזשעט אין די פעלדער אַ געפּענטעטער פערד;
עס שטייט שוין די לבנה אויף איר שטרייַנגען משמור,
און גיט השגחה אויף דעם שלאָף פון דער מידער ערד.

פאַרגאַפּט און פאַר'חלומ'ט ווי אַ סאָמנאַמבולע, שטעה איך,
פון אָבענט-טויען שטייַגט אין דער ווייַטקייַט אַ רויך;
דער טאָג איז זיך דאָס מקריב אויף אַ פאַרבאָרגענעם מזבח,
און זייַן קרבן-רויך אייַלט עס צו די הימלען אין דער הויך.

עס דוכט זיך: אין דער הייליגער נירוואנע בודע'ס
האָט זיך פאַרגעסען די גרויסע, שוויַיגענדיגע וועלט;
און די שטערען קוקען ווי זילבערנע נקודות
אונטער געהיימע אותיות, וואָס זייַנען פון אונז פאַרשטעלט.

## 20.

די טאָפּאָליעז שטײען אזוי ווי יונגע גבורים,
די בלומען אָטהעמען, ווי עמין וואָלט זײ באזעלט;
לאָמיר פאלען, מײן געליבטע, לאָמיר פאלען כורעים
פאר דעם געהײמען חלל פון דער גרויסער וועלט.....

ווער ווײס, מײן טײַערע, וואָס איז הײליגער און גרעסער:
אונזער ליבע, צי אפשר גאָר אָט די נאכט,
וואָס טראָגט דעם זילבערנעם קאלטען כתר
און כשופט די וועלט מיט איהר שטרײנגער פראכט.....

פאל כורעים, ליבסטע, פאר די טױזענדער דופטען,
פאר די שטערען, וועלכע דו זעהסט ניט און וועלכע דו זעהסט;
מיר זײַנען צווײ נישטיגע אטאָמען אין לופטען,
מיר זײַנען צווײ צופעליגע, אָרעמע געסט.....

## 21.

די זון האָט צעוואָרפען דראָבנע גאָלדנע גרעשעלאַך
אויף דער רונדער סאַזעווקע, וואָס ליגט אין רוהע;
ס׳קוואַקען בנעימותדיג בײַם ברעג די יונגע פרעשעלאך,
זינגען א הײליגע שירה צו גאָט ברוך הוא.....

עם הײַנגען ווי רויטע פאטשערקעס די פולע ווײַנפערלאך,
פון די שמעקעדיגע גראָזען א ווארימקײַט הויכט;
און מען פיהלט ממש, מען זעהט בעשײַנפערלאך
ווי גאָט׳ס וועלט צײַטיגט, רײַפט און הנאה׳דיג לויכט...

די בלעטער שמאכטען פון היץ, נאָך אַ טראָפּען טוי חלש׳ען,
די רויזען נויגען אַראָפּ די קעפּעלאַך שטיל;
און נור דאָס קוועלכעלע ציהט זײַן נגון זײַן מוזיקאַלישען,
ווי ער וואָלט פלאַפּלען קינדיש: „מיר אין קיהל,... מיר איז קיהל“...

אויפ׳ן גאַניק אויסגעצויגען, מיד פאַרוואָרפען די קעפּעלאַך,
צווײ צײַגלאַך ווארעמען זיך בהרחבה אויף דער זון;
און דערנעבען אַנ׳אַלטער פויער אויף די אויסגעקרימטע טרעפּעלאַך
שטאָפּט־אָן זײַן ציבעק מיט דעם אָרימען טיטון...

## 22.

מײַן קינד, בינד מיך ניט מיט דער גרויער התחייבות,
טהו ניט אָן אויף מײַנע פאַרלאַנגען קײַן שום צוים;
טרינק פון אַלע מײַנע אַנטציקונגען און פון אַלע מײַנע תּאוות,
און פרעג ניט, צי לאנג וועט נאָך דויערען דער טרוים.

די ליבע האָט ניט ליב וועגען ליבע צו פרעגען,
אין דער רגע, וואָס מען פרעגט, הערט זי אויף צו זײַן;
געה בלינד און פאר׳שכור׳ט אלע פײַערען אנטקעגען,
קוק אין אלע וואהנזיניגע תּהומות אריין.

אזוי לעב איך שטענדיג. און ווערט א לעגענדע חרוב,
ווייס איך: ס׳קומט א צווייטע, כאָטש איך ווייס ניט ווען און וואו...
בינד מיך ניט, קינד מײַנס! איך קען ניט זײַן ערב
פאר דאָס, וואָס דער מזל גרייט אין עתיד מיר צו.

## 23.

כ׳האב ווידער דיך היינט געזעהן, אזוי צופעליג, אין טעאטער.
דו ביזט נאך קיינמאל, קיינמאל ניט געוועזען אזא. —
ס׳האט צארט געברענט דאס בראסלעטען־גאלד אויף דיין האנט דער מאטער,
און דיין בלאנד קעפעל האסטו געטוקט אין ווייסען, פוכיגען באא.

ווי אין א טונקעלען אלקאוו ביזטו געזעסען אין דיין לאזשע,
געשמייכעלט צופרידען נעבען דיר האט דיין צוקינפטיגער מאן;
און מיין בליק האט זיך אזוי הילפלאז געבעטען: „א ניט דערלאז זשע
עס זאל שטארבען אונזער ווייסער, אונזער ציטעריגער שוואן"...

כ׳האב געשיקט צו דיר דורך א דינער עטליכע חריזאנטעמעס,
קרעם־בלאסע—ווי דיין שולטער, און צארטע—ווי מיין געדאנק,
און אזוי טרויריג זיינען זיי געווען, ווי זיי וואלטען געוואוסט דעם גאנצען אמת,
ווי זיי וואלטען פארשטאנען די שליחות פון אזא מין געשאנק...

ביזט אויפגעשטאנען ביים אנטראקט, די רינגען האבען געטאן א פינקעל
און, רוישענדיג מיט׳ן זיידענס, ביזטו ארויסגעגאנגען אין פאיע;
ביזט געווען אזוי שטרייננג, און נור אין דיין מויל׳ס צארטען ווינקעל
האב איך דערזעהן די ווייטע נאכט, ווען דו האסט געזאגט מיר: „יע"...

---

24.

ס׳לאָזט ניט אָפּ מײַן קאָפּ אַ לאַנגזאַמער וועהטאָג.
כ׳ליִג אין בעט און צייל די טאַפּעטען־בלימלאַך אויף די ווענט.
דורכ׳ן־פענסטער קוקט אַ קלאָרער, אַזאַ ליבער, שנײַ־טאָג,
אַ ווײַסער און קאַלטער ווי מײַנע מידע הענט.

די מאַמעשי גערט אַרום באַזאָכט אויף די שפּיץ פינגער,
נעבען מײַן בעט רויכערט דאָס מאַטע גאָלד פון בוליאָן;
עמיץ פרעגט מיך אַזוי פאַרזאָרגט: „נו אפשר אַביסעלע גרינגער?"
און עס וויגט מיך אַזוי ליב דער רירענדער טאָן.

געקומען מײַן ליבסטע מיך זײַן מבקר חולה,
איר היטעלע און איר פוטער־קראַגען אַזוי היימליך פאַרשנייט;
זי בויגט זיך אָן צו מײַן שטערען מיט אירע ליפּעלאַך וואווילע,
און אַ יונגע ווינטער־פרישקייט פון אירע קליידער וועהט.

ס׳לאָזט ניט אָפּ מײַן קאָפּ דער לאַנגזאַמער וועהטאָג,
כ׳קוק אויף די רפואות־פלעשלאַך, וואָס זענען מיר אַזוי בעקענט.
דורכ׳ן פענסטער קוקט אַ קלאָרער, אַזאַ ליבער, שנײַ־טאָג,
אַ ווײַסער און קאַלטער, ווי מײַנע מידע הענט.

## 25.

בײַ דער מוזיק פון קווינטעט און בײַם קלאַנג פון גלעזער
האָסטו געטאַנצט אויף דער עסטראַדע דעם טאַנץ פון לוסט.
די טײַערע, אַזשורנע שפּיצען די גענועזער
האָבען ריטמיש געאָטהעמט אויף דײַן אַנטבלויזטער ברוסט.

דײַנע ווײַבליכע עלעגנבויגענס, די דינע און ראָזע,
דער שפּעוי פון דײַנע לענדען, דײַן בויגזאַמקײַט בכלל,
דײַן מינדסטער פּאַ, דײַן איטליכע פּאָזע—
איז פון שײנקײַט און תענוג אַ געהײמער שלל.

דײַן קלײד האָט זיך דורשטיג געטוליעט צו די גלידער,
געפליסטערט און געשאָרכט: „כ׳האָב דיך ליב! כ׳האָב דיך ליב!“..
און דער פערליבטער פּאַגאָט האָט, פון אײַפערזוכט אַ מידער,
געזיפצט אַזוי תאוה׳דיג, אַזוי תאוה׳דיג און טריב.

ביזט אַראָפּ מיט אַנ׳עלאַסטישען בויג פון אַ טיגער,
און אַ פּאַליע טײַערע פּאַרפומען האָט געטאָן אַ שטראָם;
ביזט צוגעגאַנגען צו אַ טישעל, און מיט אַ זשעסט פון אַזיגער
אָנגעגאָסען, אַ צוהיצטע, אַ באָקאַל מיט ראָם.

---

26.

אַ חשון־רעגענדעל טריפט, פויל וויאָ׳קעט דער בעל־עגלה,
כ׳זעה מײַן הויף שוין פון דער ווײַט, וואָס איז מיר אַזוי בעקענט;
באַלד וועט דורכציטערען אין אַלטען זאַל די געליבטע באַרקאַראָללע
אונטער מײַנע גליקליכע, ציטעריגע, ענטציקטע הענט...

ס׳וועט קײנער דאַרטען ניט וואַגען מײַן טרוים צו זײַן מטמא,
כ׳וועל אויפסנײַ אין טויבען־שלאַק געבען עסען דעם ווײַסען געזינד,
אונטער איר וואַרעמען שויס וועט מיך אַרונטערנעמען מײַן מאַמע,
און איך וועל ווידער זײַן ווי אַ קלײן צופּיעשטשעט קינד.....

אין האַרבסטיגע אָבענטען, אין הײמליכען קרײַז פון קרובים,
וועל איך פאָרלײענען פון פּרץ׳ן בײַם שוואַך־בעלויכטענעם טיש;
און די באָבע וועט מיר דערצײלען וועגען שרה בת־טובים,
צי וועגען יונה הצדיק, וואָס ס׳האָט אים אײַנגעשלונגען דער פיש...

שטיל זיפט דער חשון־רעגענדעל. עס סקריפּעט דער וואָגען,
בלאָטע. געלע בלעטער. די לופט איז פײַכט און קיהל.
אַ נאַסע בעריאָזקעלע, ווי אַ ישוב־קינד נאַכ׳ן צוואָגען,
בעגריסט מײַן צוריקקעהר מיט אַ ברכה אין דער שטיל...

## 27.

אִין אַלטעֶן הויז זִינגעֶן אַזוי אומעֶטִיג די טִירעֶן.
אִין אַלטעֶן הויז אִיז אלץ אזוי לבָנה׳דִיג־קאלט.
ווִי ס׳וואָלטעֶן מיך שאָטעֶנס פון מצבות בּעֶרִירעֶן,
ווִי ס׳וואָלט עֶרגעֶץ געֶדראווענט אַ טײַערעֶ געֶשטאלט.

אִיךְ האָרך צומאָל מִיט א בּעֶהאלטעֶנעֶם צִיטער
אִין בּלויעֶר מנחה־שעה צִי אִין גאָלדעֶנעֶם אִין דעֶר־פריִה,
ווִי אויף דער וואזעֶ זִיפצט דעֶר בּלומעֶן־קראנץ דעֶר פעֶרבּלִיהטעֶר
ווִי טרויריִג בּײַם טִיר עֶס רוישט די שוועֶר־זײַדנעֶ דראפּרִי.

פאָרזִיכטִיג בּעֶרִיר אִיךְ דעֶם אלטעֶן טעֶפּיך דעֶם צושפּרײַטעֶן,
וואו עֶס שלאָפט דאָס עֶכאָ פון די אבגעֶקלונגעֶנעֶ טרִיט;
אומעֶטִיג קוקעֶן אויפ׳ן טעֶפּיך די אויסגעֶנײַטעֶ קווייַטעֶן,
וואָס האָבּעֶן אמאָל מִיט פארבּיִגעֶ זײַדעֶנס געֶבּלִיהט.

און עֶס דוכט זִיך מִיר אָפט: כ׳זעֶה דורך נעֶבּלעֶן דִינעֶ,
ווִי עֶס שלײַכט זִיך אדורך דורך דעֶם טרויעֶר־גלאנץ פון פארקעֶט
א פרויעֶן־געֶשטאלט אִין אנ׳אלטעֶר בּרײַטעֶר קרִינאָלִינעֶ,
וואָס וויִגט זִיך אִין א גראציִעֶזען, לופטִיגעֶן מעֶנועֶט.

## 28.

אין סעפּטעמבער־נעכט, ווען דו זיצסט נעבען ים ביחידות,
לויכט אזוי דורכזיכטיג זײַן לבנה'דיגער שמאראגד;
עס שווימען ארוים שלאנקע און בויגזאמע נערעאידעס,
געהארכזאמע דער שעה פון נאכטיגער יאגד.

שטיל איז די נאכט, און שטערען פאלען, פאלען,
שטעלען־אונטער די ים־צויבערינס זײערע בלאסע הענט,
און די הויפענס ווערען פול מיט קלײנע אָפּאלען,
וואָס לויכטען זיך און שטראלען אזוי ציטעריג און צוברענט.

שטעקען אָן די שטיפעריגס, ווי זילבערנע בראָשען,
די שטערען אין די לאָקען און אין לופטיגען קלײד,
און לאַכען און סודען זיך עפּיס שטיל אויף זײער לשון,
און פאַרשווינדען צוריק שטילערהײד...

## 29.

אונזער גורל ווערט באַשטימט פאָרויס, מיט דורות,
איטליכער איז דעם מזל׳ס געטרייַער שקלאַף.
אונזערע בייַדענס נשמות, נאָך אין דער האַנט דעם בורא׳ס,
האָבען געמאַכט צווישען זיך אַ געהייַמען תקיעת־כף.

מיר האָבען געלעבט צווישען כרובים, צווישען די קינדישע טרוימער,
און אַלע קינפטיגע מעגליכקייַטען האָבען אין אונז געשטראַלט;
ביז מיר זייַנען ביידע געקומען אין דעם לאַנד פון חומר
און מגולגל געוואָרען אין אַנ׳ערדישע געשטאַלט.

אין אַ גרויסער שטאָט, וואו אַזוי פיל ליכטער גענאַרען,
וואו דאָס ערדישע לעבען שפּילט איר קויטיגסטע ראָל,
האָב איך דיך איינמאָל דערזעהן אויף איינעם פון טראָטואַרען,
און מיין נשמה האָט דיר אָנגערופען אונזער געהייַמען פּאַראָל.

קיינער, קיינער וועט ניט קאָנען איצטער אונז צושיידען;
און אין שעה׳ען פון אונזערע ליבע־מיסטעריעס, פון פייַנליכען גליק
אַנטפּלעקט זיך אין שטראַלען דאָס ווייַטע כרובים־לאַנד אונז ביידען
און מיר דערהערען אַ הייליגע, בעקאָנטע מוזיק...

## 30.

דו ביסט אַ צאַרט יחוס־קינד פון דער אײַדעלער שליאַכטע,
כ'זעה דיך אָפט אַרויסגײַן פון טעמפּעל אין דער פריה;
דו גײַסט אַזאַ באַרוהיגטע, אַזאַ מוטערליך־פאַרטראַכטע,
געלײַטערט פון די תפילות פאַר דער הײַליגער מאַרי.

אַ גאָטספאָרכטיגע, פאַרלאָזטו שטיל דעם קלויסטערשען גדר,
פאָרזיכטיג האַלטענדיג אין דער בלײַכער האַנד
דעם געבעט־בוך מיט'ן גאָלד־שניט, געבונדען אין שוואַרצען לעדער,
און דערבײַ—פון שוואַרצע תפילה־פּאַטשערקעס אַ לאַנגען באַנד.

דײַנע שמאָלע פינגער מוזען שמעקען, מסתמא, מיט קטרת,
אין דײַנע אויערען לעבט שטענדיג דעם אָרגעל'ס שפּיל,
דײַן קאַטוילישׁ בלוט פליסט באַשײַדען און אײַנגעהאַלטען פון דורות,
און ווי די לופט אין א גרויסען טעמפּעל, מוז דײַן הויט זײַן קיהל.

שטום שלײַכסטו פאַרבײַ מיט דײַן גאַנג דעם לײַכטען,
נור איך ווײס, אז דו זעהסט מיך... און אין אבענט אויף די קניה,
ווען דו בעטסט פאַר דײַנע נאָהנטע מיט א בליק א פײַכטען,
בעטסטו אפשר אויך פאַר מיר בײַ דער הײַליגער מאַרי.

---

## 31.

ס׳איז הארבסט. די זון טוט שוין זעלטען א בריה, אַ שרפֿע,
אומזיסט האָט די ערד נאָך יונג צו ווערען געפּרובט;
ווי דינע סטרונעס צופּליקטע פון א כרוב׳ם א הארפע
שוועבט זײַדענע שפּינוועבס אין דער אָבגעקילטער לופט.

ווי קרענצלאך רויטע קרעלען אויף אנ׳אטלאס א גרינעם
פלאמען אין גרינס די פּורפּור־הײַנגלאך פון צײַטיגען בארבאריס;
און אין קאָרן זיך צו בעהאַלטען זוכט דער האָז בחנם,
און טראָגט זיך ווי מבולבל אויף זײַנע דינע פיס...

באנגער, אומעטיגער און אנטבלויזטער ווערען ארום די לאנדשפאטען
עס קלעמט דיך דער דופט פון דעם לעצט ביסעל היי;
עס שמעקט שוין מיט עפּעל פון גאָרטען־שומר׳ס קאפּטען,
און ערגעץ פאלט אַ גאָלד־בלאט אין שטילען וועה...

## 32.

גוטע, ליבע ערד, מאמע און שוועסטער,
כ'בין איצט מיד ווי דו, און דו—ווי איך;
דריק מיך צו זיך, טוליע מיך פעסטער,
און לאָז מיר, אָט אזוי, דיך פרעסען צו זיך...

מיינע לאָקען פאלען, ווי די צווייגען פון דיינע ערבות,
אויף די נאקעטע ברעגען פון דעם אלול-טייך;
האָרך—עמיץ זינגט: „צדקה תציל ממות!"—
דאָס באגראָבט מען מיין זומער, און אויך דיינעם צוגלייך...

עס געהען פון צפון לאַנגזאַמע קעלטען,
ליג רוהיג, ערד, אין די אָרעמס ביי מיר;
אַזוי ליגען אַרומגענומען צוויי מידע וועלטען,
צוויי פאַרלאָשענע חלומות פאַר'ן ווינטערס טיר...



# דער „לייב נײַדוס־פאָנד"

בריינגט אין געהעריקן סדר די פארבליבענע ווערק פון לייב נײַדוס. גאָר אין גיכן וועלן זיך אנהויבן דרוקן

## אָריגינעלע:

1) מײַן פאָלק,
2) דאָס בוך פון פאָעמען,
3) ליריק, II באַנד,
4) ליטווישע אַראַבעסקן.

## איבערזעצונגען:

1) יעווגעני אָניעגין, פון פושקין,
2) פושקינ'ס לידער,
3) לערמאָנטאָוו'ס לידער
4) בלומען פון שלעכטס פון שארל באָדלער,
5) פון וועלט־פאַרנאַס,
6) אַנטאָלאָגיע פון דער פראנצייזישער ליריק.

— דער גרעסטער טייל פון די ווערק וועלן זיך דרוקן אין אידישן פאַרלאַג ביים ליטווישן בילדונגס־קאָמיסאַריאַט אין ווילנא.

